# אויס ראמאן

## אשיינע ראמאנישע ערצעהלונג

פון

ג. ח. לעוונער מכונה (ג. ח. ל.)

ווילנא
שנת תרנ"ז לפ"ק

**НѢТЪ РОМАНА.**

Разсказъ Г. Х. Левнера.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

ВИЛЬНА.
Въ типографіи Л. Л. Маца, на Квасномъ переулкѣ, д. № 1195/6
1897 г.

## 1.

## נדן מיט אבלה.

— אמענש אן אחסרון איז גאר ניט דא! אמענש אן אחסרון, קאן אפנים גאר ניט זיין ג״אט די ווערטער, הערמעטען זייער אפט פון די וואכערער אידן. בעת זיי צו שמועסן זיך. פון זייער רבי נעציל-הענעך געלמליב. רבי נעציל הענעך דער וואכערער, איז איד אהויכער, אדיקער, מיט אהדרת פנים; זיין גרויסע געדיכטע שווארצע באָרד, מיט זיינע שווארצע ברעמען, מיט זיינע שווארצע אויגן, ווארפן אויף יעדערן אפחד, אונ מען טוז, פאר רבי נעציל הענעכן האבן דרך ארץ! דער צו איז ער איוד אגרויסער ירא שמים, אגרויסער למדן, האט סמיכות אויף רבנות, אונ אז ער זאגט אין שוהל ביים טיש אשטיקעלע "עלע יעקב. (עין יעקב), איז מחיה נפשות, טמש מען לעקט די פינגער פון מתיקות, פון זיסקייט; — אונ דעריבער, איז רבי נעציל הענעך, דער ערשטער בעל דעה זאגער, דער גאנצער פירער, אונ אלע זיינען מיט אים העסקם צו פרידן; רבי נעציל הענעך, איז אטייערער איד, בענטש גאט אלע אידן מיט אזעלכע אור-אור איניקלעך; נאר איין חסרון האט ער, וואס אלע ווייסן, אונ אפשר ער אליין אויך, אונ קאן ניט בשום אופן, דעם חסרון פאר ריכטן. — רבי נעציל הענעכס חסרון איז, וואס ער האט אשרעקליך גרויסן חשק, אמוראדיגע אהבה, צו די — מטבע!...

אין אמת׳ן גירעדט, ווייסן מיר, יעדער ביי זיך, אז מיר האבן זיא. די מטבע, קיינער ניט פיינד! אונבצו ליב די מטבע, זיינען מיר יעדער, אסאך מאל, טובן ומזומן, מאהן וואס מען טאר ניט, רידין וואס מען דארף ניט, זיך בענטשן מיט חניפה, מיט צבועטסטע, מיט שקר, מיט רמאות אביסילע, א. ד. ג. אונ מאקע אלץ צו ליב די מטבע. וואס זאלין מיר לייקענען? ... ניט איינער פון אונז, האט זיא פיינד; נאר רבי נעציל הענעך, האט זי ליב מיט אלע כוחות, ליב מיט אלע חושים, ליב ווי זיין לעבין! ליב ווי זיין בן יחיד, זיין נעראטענעם, איין-איינציגין זוהן, אונ אפשר נאך ליבער, אסאך ליבער!

רבי נעציל הענעכס בן יחיד, זיין ברודל, איז אטייער קינד,

(אוים ראמאן) אפיין

אפיין קינד, איינס אונ רעכטס: אנגעבילדעטער ידישער בחור'ל, מיט אסך מעלות. דער צו איז ער שוין אריבער דעם פריזיוו, שטייט אין שרוכים, רייכע עלטערן שיקן שדכנים, באטין אן טויזענט, אונ צוויי טויזענט רובל נדן . . . נאר רבי נעציל הענעך געלטליב, האלט זיך ביי דאס זייניגעס, ער זאגט: "מיין זוהן, מיין ברוך, מוז געמען צעהען טויזענט רובל נדן, ווייניגער ניט אפרוטה! . . ."

ברוך'ל, האט אפילו אן געקוקט אמיידל, אבעל בתיש קינד, אגרויסע יפת תאר, אונ זייער אנגעראטענע, אונ צו די מעלות, איז אטויזענטער אויך דא; אונ האט דעם פאטער מגלה געווען דעם סוד, "אויב ניט דיא מיידיל, איז מיר דער לעבען ניט ניחא . . ." נאר רבי נעציל הענעך, איז זייער בייז, זייער ברוגז, אז מען וויל אים ניט האָרכן, אונ האט געזאגט: "ווילסט דו מיר פאלגן, ביזט דו מיין קינד, אויב ניט קאט אן קישין!..." אונ ברוך'ל, האט נאך קיין מאל ניט גיפראבירט משנה זיין, פון טאטינס רצון, דעם טאטינס ווארט, איז ביי אים קדש קדשים, אונ האט אויך דעם מאל, מיט זייער איין אומעדינע געבריינקטע הארץ גיזאגט: פאלג איך דיר!" אונ רבי נעציל הענעך, האט אלעמען אויף להכעיס, אויס געפירט אויף דאס זייניגע, וויא ער האט גיזאגט! — ס'איז גיקומען אשדכן, טאקע אלאנד-שדכן, אונ פאר געליינט אלאנד שדוך, אמחותן וואס גיט 10 טויזענט רובל נדן, אונ דווקא ניט פון מרחקים, דיא יודישע שטאדטיל דלותווקע איז ניט מעבר לים, אונ דעם דלותווקער גביר רבי חייקיל פיימיל, קענען אלע וואבערער אידין, מען קאן אים, מיט זיין ווייב, אונ אפילו דיא בתולה אויך.— רבי נעציל הענעך איז גיוועזן מלא חדוה! נאר ניט זיין ברוך'ל. ער האט גיוואלט אכלה מיט נדן, אונ דער טאטע וויל אים געבן גבן מיט אכלה ... דער נדן איז גאנץ גוט, אגאנץ פיינע ציפרע, אבער די כלה? מען זאגט, זיא איז אמיאוסקייט, אגרויסע מנוולת, ניט איין צו קוקן זיך, אין איר מאוסן פנים . . . — נאך איין איבער-שרייבענעם צוזישן די מחותנים, איז רבי נעציל הענעך, מיט זיין בן יחיד געפארן אויף תנאים; — רבי חייקיל פיימל, דער דלותווקער גביר, האט געמאכט אגרויסארטיגן תנאים, פאר בעטן די גאנצע

(אוים ראמאן) שטעטיל

שפעטיל, 2 מעת לעת, האט מען שטארק געהולעט. די חתונה אפ געליינט סך הכל אויף אחודש צייט, און דעם נדן מסלק זיין קודם החופה.

פארענדיג אחיים, האט רבי נעציל העניך, צו זיין אומעדיגן זוהן געזאגט: "מיין קינד, 10 טויזענט רובל, מיט אסך מתנות, איז א פיינע סטבע... דארפסט ניט אומעדיג זיין... שקר החן, והבל היופי, האט געזאגט אקלוגער איד... שיינקייט פאר גייט, און א סטבע באשטייט!..." — אויב די דאזיגע ווארטשער זיינען געגאנגען דעם בן יחיד, אויף זיין נשמה וויים קיינער גיט; דעם נאלדענעם זייגער, מיט דיא נאלדענע קייטעלע וואס דער מחותן האט אים, דעם חתן גינעבין, צום תנאים, האט ער צו גענומען מיט שמחה; און אלע ווילע אויף זיי געקוקט, געקוקט און בעטראכט, ווי א טייערע זאך; אלע רגע ארויס גינומען פון קעשענע און ווידער אריין געלייגט וויא ער וואלט זיך דער מיט מתפאר זיין, דער מיט שטאלצירין... נאר דעם גרונד וויים קיינער גיט... אפשר, וויל ער האט שוין דעם אמת גיוואוסט, אז אויב ניט אויפין זייגער און קייטיל, האט ער ניט אויף וואס צו קוקן... — יא, די מאנשליכע הארץ, האט ניט קיין גרונד! — ברוך האט זיך ניט אוסגייעט, רעכט בעטראכטין, זייגען שוין די פיר וואכין תאר בעי; רבי נעציל העניך האט זיך מכין גיוועזן, וויא עס פאסט פאר אריכין מחותן. — ביי דיא מחותנים איז ניט פאר געקומען קיין רוגז, קיין קריג, אלעס איז גיוועזן ריכטיג, אמת, דעם נדן אפ געציילט ליד החתן 10 טויזענט רובל, און גאר.

קומענדיג אהיים מיט די יונגע ווייביל, האט רבי נעציל העניך, שבת פון שוהל, פאר בעטין אגרויסין עולם, אויף שבע ברכות.

דער עולם האט זיך, ניט גילאזין לאנג בעטין, מען איז ניקומען אפ געבין מזל טוב. דיא מחותנים, און חתן כלה, און אגב אורחא, זעהן די יונגע ווייביל...; — קומענדיג פון ברכה אהיים, האט יעדער געקוקט אויף זיין פרוי, מיט אנדערע אויגן... יעדערן האט זיך גערדאכט, אז זיינע, איז א בת מלכה!...

דיא וואס זיינען אויף ברכה גיט גיוועזן, האבין זיך געטרייכט זאגענדיג. "אכפרה דיא כבוד אבי ניט אן צו קוקן דעם מיאוסען

פנים פון דיא יונגע ווייביל דיא פערזעהענעס .

## 2.

מיט קנאפּע צוויי יאהר שפּעטער .

אט אזוי איז דער מענש , אונ אט אזוי איז דיא וועלט . דעם ארומאן דאכט זיך , דיא גאנצע מניעה איז נאר , ווייל איך האב ניט קיין געלט ; מיט געלט , וואלט איך , איבער גיקערט דיא וועלט ; איך וואלט געהאנדעלט מיט דאס . אונ מיט יענם , איך וואלט פאר דינגט אן אשייער , איך וואלט געשאַרט הורבעס ווייז געלט !

נאר , דער וואס האט דאס געלט , יענער על פי רוב , ווייס ניט צו וואס ער זאל זיך חאפּין , אונ וואס פאר איין עסק , ער זאל פאר פירין ; דאס ? . . . טויג ניט ! יענם ? . . . לוינט ניט ! דער מיט ? איז ניט כדאי ! אונ מיט דעם ? הבל הבלים ! אונ האלטענדיג דיא עטליכע רובל אין קעשענע , דיצטמען מיט פאר ליינטע האנד , ניט וויסענדיג , אונ ניט געפינענדיג ארעכטען עסק , אשטיקעלע גישעפט . . .

דאס זעלביגע איז גיוועזן מיט רבי נעציל העניעבען , אונ זיין בן יחיד . — רבי נעציל הענעך , האט גענומען , אז 10 טויזענט רובל , איז אהאלבע מלוכה ; מיט אזוי פיל געלט . קאנסטו יעדער טאג פאר דינען כפליים ! אן געלט איז אשטיינער ביטער , עני חשוב כמת . איין ארומאן אונ אטויטער זיינען ביידע גלייך , דער קאן ניט ריידין , אונ דער קאן זיך ניט קערין . . . — עפּעס מיט אזא סומע געלט ? מען קען דאך מאכין 5 מסחרים , אז אין יעדער עסק זאל ליגען צו 2 טויזענט רובל . . . 10 מסחרים , צו טויזענט רובל . . . אונ 20 ראזנע עסקים , אז אין יעדער עסק זאל זיין צו 5 הונדערט רובל ! הכלל , רבי נעציל הענעך האט געמיינט . אז מיט 10 טויזענט רובל , וועט ער פאר פירין גישעפטין , פון הודו ביז כוש , אלע וואכערער גאסין , וועלין פול זיין מיט זיינע קלייטין ! נאר האבענדיג די עטליכע רובל אין יד , אונ האלטענדיג זיך טויזענט עצות מיט זיינע בעסטע נוטע פריינד , האט קיינער ניט גיקאנט , אונ ניט גיוואוסט קיין גלייכע עצה , וואס ער זאל טאן . מיט וואס ער זאל האנדלען . אונ צו וואס ער זאל זיך נעמען . . .

אונ די צייט גייט , אטאג נאך אטאג , אוואך נאך אוואך ,

(אוים ראמאן)

און אחודש נאך אחודש. רבי נעצעל הענעך האלט נאך אלץ אין רעכענען מיפין טראכטען, ער טראכט אפילו אין די שטילע שמונה עשרה, און קיין גלייכע זאך, דאס הייסט, אנעשעפט און קאנקו־רענציעס... א געשעפט אן אסאך הוצאות, מיט אגעוויסע פרנסה, איז ניט פאראן... — נאר וויא זאגט מען עפעס, גיזונד לאזט ניט רוהען. און געלט לאזט ניט ליגען... דער ווילע, דאס מיינטמען, ביז עס וועט זיך עפעס אפ זוכען ארעכטער עסק, האט רבי נעציל הענעך. די עטליכע רובל צו בארגט, צו ליגען, ביז די ערשטע מינוט, וואס ער וועט אליין דארפין מאכען אנעשעפט, דעם 200, און אצווייטען 3 הונדערט, און בערל שמערלען דעם גרויסען וואכעראר סוחר צום פארין אין מקום 5 טויזענט רובל... און דער מהותן איז אויך געקומען און געהאפט אויף אפאר וואכין צייט אהאלבין נדן, טאקע אויף אנאטעריאלנעם וועכסעלע, ווארום רבי נעציל הענעך ווייס, אז האנדעלשאפט, איז ניט קיין מחותנעשאפט... און עס וועט ווערין, עטליכע רובל פראצענט... אומדיסט ניט מען קינעם ניט... נאר זאגין, אז דאס איז דער רעכטער תכלית... בעסערס דארף מען ניט קאן מען ניט זאגען! נאר אז ר׳ נעציל הענעך, איז ניט געווען העכסט צופרידין מיט די רווחים מיט די פריביל פון די נדן געלט, האט דער בורא אים צו געשיקט פריבל, פון אין אנדער ארט; אקוראט צוא 9 חדשים, האט אים ביילקעלע זיין שנור געשאנקען 2 איניקלעך מיט אמאל, אאינגעלע מיט אמיידעלע... — זאגין, אז ר׳ נעציל הענעך איז מיט די שטורם מתנה, גיוועזן שטארק צו פרידין, איז דאס ניט אמת! וויא דיין ברוכל, אזוי ער האבין זיך שטילער הייד גינעסען, זייא איז דאס ניט ניחא געוועזן, נאר העלפען קאן מען ניט.

ר׳ נעציל הענעך, האט געפראוועט דעם איניקלס ברית, אויפין גבידישין ארט; אלע וואכעראר זיינען געוועזן גירופין, משקה מיט פאר ביסין איז געוועזן לרוב; אזא ברית, האבין די וואכעראר יודען ניט געהאט אסאך יאהרען. — אויפין ברית, האבען כמעט אלע קרואים באמערקט, אז דער טאטע, דער בעל ברית. מיט דעם זיידין. זיינען שטארק צו „רודיל ט׳ שטארק פאר דאגה-ט, און

זייער פריילעכער פנים איז נאר אנגעשמאכטער ... אצו געפוצטער, ניט מער ... — אפנים, אז ר' געציל הענעך, מיט ברוכן, האבן עפעס געפיהלט, עפעס געשפירט, אצרה, איין אומגליק!

אונ דאס איז געוועזן אמת. זייער ריכטיג. — טאקע אין גיכען באלד נאכן ברית, האט זיך פאר חסארעט ר' געציל הענעכס אונ ברוכ'ס היטעל; אונ רבי געציל הענעכן, איז געווארן היפש פינצ-טערליך, אין זיינע קלוגע אויגען ... — נאכן קינפעט, האט די גוידישע יונגע ווייבל, באקומען זייער אמיאוסן פנים ... נאר מיט דעם מיאוסן פנים, איז ברוך, אויך ר' געציל הענעך, גאנץ רהיל-דיג געוועזן, אונ האבן זיך געמיט, געוואטוויינגער אויף אים קוקן, אבער צום אומגליק, האט זיך געוויזען אנייע צרה, נאר איין אומגעריכטע צרה, ביילקעלע האט אנגעהייבן קרענקען ... התחלת, איז זיא קראנק געווארן אויף איין ברוסט, דער נאך אויף די 2 טע, אונ צום לעצט אויף ביידע מיט אמאל, ניט ווילענדיג, האט מען ג ע מ ו ז ט געמען איין אם, כאלין אסכה דאס וואס זיא וויל, איך קארמען וויא זיא וויל; אונ נאך אלעם דעם, האט מען געמוזט איין קינד אם געבן צו אצוהייטע אם! ... ביי ר' געציל הענעכן אין שטוב, איז געווארן אתושך, דער גאנצער אפטייק, האט זיך איבער גיטראגן אהער: די דאקטוירים מיט די פלעשלעך רפואות, מיט די אנרוהיגקייט, פון ניט עסן אונ ניט שלאפן, האט זיי גראה אונ אלט געמאכט; זייא איז אלעמען מיאוס ומאוס געווארן דער לעבן, אונ העלפן דער צו האט קיינער ניט געקאנט. — נאר די אלע צרות, איז נאר געווען דער פאר שפיל צו די קומענדיגע חתונה. :. ר' געציל הענעך האט באקומען אידיעה, אז ר' שמערל בערלס, דער זיכערער סוחר, וואס האלט צום מארקאוו פארין, געהאפט פון די ננין געלט 3 טויזענטער אהלואה האט אם גיצאלט די סוחרים, וויא דער מנהג איז; אונ זיי, האבן אים ניט גיגעבן מער זיין קרעדיט, אויך וויא דער מנהג איז ... דא האבען 3 טויזענט רובל גילאפנעט מיט איין קלאפ! ...

אונ עס איז אבברה אז נאך טויזענד רובל ביים העד האפערמא: חעלין אויך זיין — יאבלוהו! ... אונ עס פיקט זיך „אהערעבטס״. אז

(אויס ראמאן)

בכבודו דער מחותן אליין , דער דלותחזקער נגיד , וואס האט דעם האלבין גבן געחאפט אויף אוויילע , איז שוין דאס , אויך אנעבטיגער טאג ... — רבי געציל הענעך , האט זיך אומגעקוקט , אז זיין בן יחיד , בלייבט אן תורה , אן סחורה , אן געלט , אונ אן וועלט ... פון גרויס פאר דראס , פון צער אונ גייטאג , האט ער זיך גישאלטין מיט קללות אונ האט צום לעצט , מצדיק הדין געוועזן אויף זיך , אז ער האט די צרות מיט די יסורים אונ צער כשר פאר דינט ; ווייל ער האט זיך נאך געיאגט נאך געלט מיט צופיל חשק ; אט האט מען אים גיגעבין ... נא ! אונ באלד ווידער צו גענומען ! — בעזאכט , זיך נים געהיילט , מיטט פאר מינוט , האט זיך די צייט אפ געריקט נאך אויף אהיפשען מהלך . כמעט אויף אגאנץ יאהר . — מיט די צרות , איז שוין ר' נעציל הענעך , אויך ברוך געוואוינט גיווען ; זיי האבין גאנץ ריבמיג געוואוסט , אז פון די גאנצע סומע געלט , וואס מען האט זיי גיגעבין צו צעהאלטין , איז ביי זיי גיבליבין קארגע עטליבע הונדערט רובעל אונ נים מער ; וואס מען האט זיא מיט גרויסע יסורים אויס געריסין , פון דעם אביסל , פון יענעם אביסל , אונ דיא איבעריגע איז פאר פאלין . מיט 2 גרויסע פייגן ! אין קארגע 2 יאר , איז אהל גיוואורין פון אזא גרויסע סומע געלט ! ... נים אובזיסט זאגט דיא וועלט . גבן מיט ירושה , זיינען מיט דעם מייחיל תברותה .

ברוכיל האט זיך שטארק פאר טראכט ...

ער האט געוואוכט נאך אסוד ... אז אט ... באלד ... אין גיכין , וועט ווידער עפעס געבוירין ווערין ! ... אונ ווידער אמען ?.. ווידער מאטקעס מיט נאנקעס ? ... מיט וואס ? ... ברוך האט גיפילט וויא זיינע בלוטין קוהלין אין זיינע אדערין ; ... דער טאטע ... דער טאטע ... האט ער שפילערהייט גיפרעפילט ... איך בין נים שולדיג.. איך ווער אוועק , וואו די אויגען זעהען , אונ ער זאל עסין , וואס ער האט געקאכט , שלאפין , אויף וואס ער האט אוים גיבעט ...

## 3.

### מענדעלע.

די גאנצע שיעטל וואכ ראר נייט האדרום , עס ווערט גירעט

(אויס ראמאן) אונ

און דערציילט, אין אַלע נאָכט, אויף אַלע שטעגען און וועגען, אַז ברוכיל ר׳ נעציל הענעכס האט געמאכט פליטה, פשוט דעם לאַנגען ניברח, אַוועק נעוואָרפען אַמעוברת ווייבל, מיט 2 פיצעלע קינדער, וְהַבּוֹחֵר אינגנו און דער בוחר אין נישטא! — פון וואַנען? און וויא אַזוי? האָבען דאס די יודעלעך דער שמעקט, אין הפלא ופלא! ניט אומזיסט זאָגען דיא יודעפאַבען, אַז איד האט אַלאַנגען נאָז, אַשטאַרקען חוש הריח, איד דער שמעקט אַנגעבראַטענס. בעת די גאַנז שוויגט נאָך אויפען טייך; ... שמעלט זיך פאר. ר׳ נעציל הענעך וויים נאָך ניט דערפון, ער אַליין האט געשיקט ברוכלען צום שווער אין דלותוונקע אפשר וועט ער עפעס ביי אים מסכים זיין, ער זאָל חאטש וויפיל עס איז אפ געבען פון די הלוואה; אָבער פון פליטה, פון ניברח חס וחלילה! און אַז דיא דאָזיגע דבורים זיינען אָנגעקומען צו ר׳ נעציל הענעכס אויערען, איז ער געוואָרען ברוגז, רעכט אין כעס, און האט גירעט מיט הארץ. מיט פייער, דער ווייזען מיט אותות ומופתים, אַז זיין ברוכיל וועט דאס אים ניט טאָן! און כמעט, כמעט, האט ר׳ נעציל הענעך מנצח געווען. די לאַנגע צינגער, גיזוועלט ביי גאַנץ וואָכעדיגער קהל אַז זיי זאָלען זייער שלעכטען מיינונג מבטל זיין, זיי זאָלען דאס ניט גלויבען בשום אופן בעולם! צום אונגליק אָבער, האט וויא אויף להכעים דער טייוויל אונטער גיטראָגען דעם בריפטרעגער, און האט אָפ גיגעבען ר׳ נעציל הענעכען אַבריפעלע, פון זיין ברוכלען, און דער בריפעלע, האט אַריבער געוויינען דעם וואָנשאל אויף קהל׳ס צד...

דער בריפעלע איז געווען געשריבען בזה הלשון.

### ליבער טאַטע!

איך בין געווען ביים שווער, זיין לאַנגע איז ניט מקנא צו זיין, ער האט זיין באַנקראָט, געפיך ניט קיין געמאכט, און דעריבער צופט מען אים, מען רייסט אים, מען פליקט אים, מען שלעפט אים, און מען צאפט פון אים... ער וועט אין גיכען זיין דער דלותוונקער בלות. מיד ביידע האבען איין מזל, אונז ביידען איז באַשערט, ניט קיין געלט, און ניט קיין שיינעם פנים... איך האב ניט געשפאָרט קיין ווערטער, אים ערקלערט, אַז איך מוז עטליכע הונדערט רובל האבען... צום

(אוים ראמאן) לעבען

לעבען, אונ צום ... קינפטעס וואס וועט אין גיכן זיין ... נאר ער האט מיר געענטפערט: מיין קינד, פאר וואס אז דיינע 3 טויזענד רובל איז ביז א פרוטה, פאר לארין גיגאנגען בייא שמערל בערל האסט דו נאר קיין רעש געמאכט ... שטיל אונ פיין! וואס ער איז דיר איין חילד פרעמדער, וואס דו האסט פון אים קיין מאל, גיט נתנה גיזעהן אויף א פרוטה! אונ אז איך, איך דיין פאר אונגליקליכסטער שוועער, האב צו גענטסען בייא דיר 5 טויזענד רובל, איז עהרצימטערנעס!... לויפסטו אונ דיין מאמע אלע חיילע, אונ צאפט מיר ארויס די בלוט פון אונטער דיא נעגיל! לאז דיר דאכטין, אז איך האב דיר גיגעבין נאר 5 טויזענד רובל נדן, דאס איז אויך א מטבע, אמת דיין מאמע האט זיך איין גשפארט נאר 10 טויזענד רובל אונ דוא ביזט מאקע ווערט!... 2 איינקלעך. יעדער איניקל איז ווערט 10 טויזענטער! נאר, אט וואס מיין קינד, דעם אמת זעהסטו מיט דיינע אויגן ... איך וועל דיר פון דיא לעצטע געבין 8 הונדערט רובל, נאר בזה התנאי שרייב מיר אונטער א קבלה אויף אין גאנצין. אז מיר זיינן קויטס... אונ אוים תביעות. אוים טענות..

נאך א קליינע נוילע מדאכטין, האב איך אונטער געשריבען א שטר קבלה אויף דיא 5 טויזענד רובל. אונ האב מקבל גיוועזן 3 הונדערט! דעם זעלבינען טאג, וואס איך שיק דיר דעם בריף, האב אים געשיקט א בריף מיט דיא עטליכע שורות: מיט דיא 3 הונדערט רובל געלט בין איך אוועק גיפארין מעבר לים; ניט איר, ניט אייער טאכטער וועלין מיר מעהר זעהען, דיא פיר טויזענד זיבען הונדערט רובל, זאלין בייא אייך זיין; אויף הוצאות, פאר אייער טאכטער מיט דיא איינקליך וואס זיינען דא, אונ וואס וועלען זיין, אייער גיוועזענער איידים ברוך. — גיט נעם ליבער מאמע פאר אומגוט, מיינע ווערטער; דוא מיט דיין ליבשאפט, אונ געטרייזשאפט, האסט מיר אונגליקליך גימאכט! ביז איך וועל זיך דער שלאגען, אין דער גרויסער נוייטער וועלט צוא א שטיקעלע תכלית; וועסטו פון מיר קיין בריף האבען ... שיק זיא אפ מיט די קינדער, צו איר מאטין, זאל ער פאר זיא דאגהן, וואס ביזטו מחויב? בעת דוא וועסט דעם בריף לייענען, וועל איך שוין זיין גאנץ ווייט. זייא געזונד, דיין בן יחיד ברוך געלטליב.

רבי נעציל הענעך, האט צראַ געלאזין זיך קאָפּ מיט דעם גאַז צו זאַמען, גרויסע טרערין האבין זיך געקייקעלט איבער זיינע באַקען, פון זיינע פולע מיט טרערין פאַר נאַכטיגע אויגען.

קומענדיג אַהיים, האט ער איבער געגעבין דעם בריפעלע ביילקען, און דיא אונגליקליכע ווייבעל האט געחאַלעשט צום טויט, פון יסורים, פון צער, מיט עטליכע טעג נאך דעם. האט רבי נעציל הענעך, צו־פראַוועט דיא קליינע משפחה, די שנור מיט דיא 2 קינדערלעך, אהיים צום טאַטין... פינף וואכען, נאכדעם קומען צום טאַטין, האט ביילקעלע געהאַט נאך אַזוהן, וואס מען האט אים געגעבען צום ברית אַנאָמען, מענדעלע! מזל טוב אונז אַלעמען, רבותי מזל טוב!... מענדעלע זה הקטן. גדול יהיה.

## 4.

### איבער געקומען.

דיא וועלט זאגט זיך אַוועקטיל; „פון נחת לעבט מען ניט, און פון צרות שטארבט מען ניט!" דאס איז גאַנץ ריכטיג, דעם פאַקט זעהען מיר אַלע טאג, אַלע ווייַלע, נאר בעהיטע גאט, ווען צו צרות, מישט זיך צו אַביסעלע גאוה, אַקאָפּעלע שטאָלץ, פון דיא עבערדיגע גוטע צייטין, פון דיא פאַרגאַנגענע גליקליכע יאהרען; דאַן זייגען דיא צרות זייער ניפעהרליך, סכנות'דיג, און האבין כביכל פאַר טרייבין, פאַרטאַגין, אין קבר, אין גרוב!... ווען ביילקעלע רבי נעציל הענעכס שנור, וואלט גיוועהן פון עווינע יאהר, פון תחילת אן, אַפּראָסטע אָרעמע מיידעל, און דער נאך אַפּראָסטע געמיינע ווייַבּיל, און דער מאן, וואלט זיא געוואָרפען מיט 2 פיצעלעך קינדער, און אַמעוברתע דער צו; וואלט זיא פון דיא צרות, ניט געוואָרען געזינטער, אויך ניט שאַנער און לייטער אויפין פנים; אָבער שטאַרבין אויך ניט! זיא וואלט נעבעך געהאַרעוועט, גיאַרבעט, טאג און נאַכט, מיט פרעמדע געניייא, מיט פרעמדע וועש, און וואלט אירע לעבעדיגע יתומים מפרנס גיוועזן; זיא וואלט פון גרויסע צרות דווקא גילעבט, און ניט גישטאַרבין! ניט אַזוי, לגמרי ניט אַזוי, איז ביילקעלע רבי נעציל הענעכס שנור; זיא איז גיוועזן אַגאַנדעש מיידיל, דער נאך אויף אַווילע אַרייכע

יונגעווייביל (אויס ראַמאַן)

יונגע וויבּיל אנאנצע מאדאם , גילעבּט אגליקליכען טאג , גיזעהן דיא ליכטיגע דיא שיינענדיגע זוהן , מיט בּיידע אויגען ; זיא האט געמיינט, אז איר קומט דאס אזוי ! וויא קאן דען אנדערש זיין ? דיא יונגע מאדם בּיילקע האט מאקע בּעת מעשה פאר ריספען דעם מיאוסען געזיל אין דער הויך , אונ האט מיט אשמייכעלע אראפ גיקוקט אויף איהרע חברטעס . . . וויא זיא האלט זאגין : ווער זייגט איך ? וויא קומט איר צו מיר ? האט איר אויך ברוכלען , רבי נעציל העגעכס פאר אמאן ? הא ? ... מיט אמאל , סך הכל פאר קארגע 2 יאהר צייט , איז גיווארין אנאנצע איבּער קערעניש, דער מזרח איז אריין גיקראכין אין מעריב... פון טאג , איז געווארען נאכט , פון ליכטיג פינסטער , פון זיס בּיטער ! פון דיא גאנצע עשירות האט זיך ארויס געלאזען אמייך , פון דיא 10 טויזענט רובּיל נדן געלט , איז ניט געבּליבּען אויף אברכה אחרונה ... דער מאן האט זיא אוועק גיווארפען , אונ איז אנטלאפען מי יודע וואו ? דער שווער האט זיא משלח גיוועזען , אונ זיא איז צוריק אנגעקומען צום מאמין , נאר ניט אינער אליין , וויא זיא איז פון אים אוועק , נאר מיט עטליכע נפשות ! . . . ביילקעלע האט זיך איצט אומגעקוקט , אונ דער זעהען , אז זיא איז שפעלער , נידעריגער פון איהרע אלע פריערדיגע חברטעס . . . זיא זיינען אלע העכער , גליקליכער פון איר ... זיי לעבּין יעדער מיט זייערע מאנען אונ קינדערלעך, בשלום ושלוה ... נאר . . . זיא איז ערנידעריגט בּיזין שאול תחתיה ... צו איהרע צרות איז ניטא קיין גרונד ... אונ אלע שפּאטין, אלע לאכין פון איר , זעהן אין איר דיא גרעסטע נקמה ... אונ דעריבּער , איז זיא גיזעסען טאג וויא נאכט בּייא זיך אין צימער , בּאקלאגט בּאוויינט איר ביטערין מזל ; ניט געוואלט ארויס טרעטען אויף יענער זייט שוועל ; זיא זאל זיך חלילה ניט בּאגעגענען מיט קיינעם ... קיינער זאל זיא זעהן , אונ זיא קיינעם ניט ! איר פריערדיגער שטאלץ , איר אמאליגע נאוה זייגען גיוועזען דיא האלץ , צו איהרע פייערדיגע ווייטאגין , צו איהרע גרויסע יסורים , אונ האבּין צו בּרענגט , צו שמאלצין , איר הארץ : . . שוין 5 יאהר , וויא עס איז ניט „דורכע" „גישלוכע" ניטא פון בּרוכין קיין בּריף קיין ידיעה ; אונ זיא זיצט בּיים טאטין , וואס אים איז נעבּעך אויך אוועק שלים שלימזל , מיט

דרייא קינדערלעך, וואס ווילן עבין נאך מער וויא אלע קינדער, וואס אויף זייא רייסט, אונ פליקט, מער וויא אויף אלע קינדער! אונ זיא קאן דאס ניט זעהן ... איר הארץ פוילט ... אירע כוחות גייען אויס... ביילקע קוועצט אירע צרות אויפן הארצן, זיא איז קראנק וויא אלע קראנקע; נאר געגונ, מער האט זיא ניט קיין הארץ, קיין לונג, זיא ליגט שויף כמעט 3 חדשים צייט, אויפן בעט, אונ ווארט אויפן טויט!..

אונ עס קען זיין, זיא וואלט נאך געצויגען... זיא וואלט נאך איינע חדשים גילעבט אויף דער פינסטערער וועלט, ווען איהר טאטע וואלט איר ניט געוויזען דעם בריפעלע וואס ער האט ערהאלטען... אונ אפשר קאן מען אידם, ביילקעלעס טאטין אויך ניט שטארק באשולדיגען; דער דאזיגער בריפעלע, האט אים גערידט ביים זינען. ער איז שיעור משוגע געווארען, פון יסורים, פון גרויסע צרות, וויא אמבולבעלער איז ער אריין געלאפען, צו ביילקען, מיט אשטיקעלע פאפיר, וואס איז גיווען וויא אויס געשניטען פון אבריף, באשריבען מיט עטליכע שורות, אונ האט געזאגט: איצט מיין טאכטער, ווייסן מיר שוין דעם ברעג... דעם גליקליכען סוף!... הער וואס ער שרייבט!

"אונ זייא מודיע מיין גיוועזענעם שווער, אז איך האב שוין חתונה גיהאט; אויב זיין טאכטער וויל גט, וועל איך צו שיקן, די קינדער זייען אירע, אז זיי וועלין גרוים ווערין וועל איך זייא צו נעמען!...

— צו וועמען שרייבט ער דעם בריף?... האט ביילקע מיט דיא לעצטע כוחות גיפרעגט. — דעם בריף האט ער גישריבען צו זיין טאטין; נאך פאר שבת, איז ער אוועק גיפארען צו אים... ער איז, אזש... מעבר לים... אונ דיא עטליכע שורות האט רבי נעציל הענעך, דער ירא שמים, אויס געשניטען פון בריף צוא געשיקט אונז, טאמער ווילסטו גט נעמען... — ניין, טאטע!... איך נעם ניט קיין גט... גיב מיר דיא שטיקעלע פאפיר... — אונ ביילקעלע האט גענומען פון טאטינס האנד די שטיקעלע פאפיר געטראכט. געקוקט אויף ברוכס האנד שריפט... אונ דער נאך, האט זיא צו ריסען, צו פיצעלט, צו קייט מיט דיא ציין, מיט די גרעסטע שנאה, מיט דעם שטארקסטען כעס; אונ דער נאך איז איר קאם אהינטער גיפאלען אויפן קאם קישין, אונ

(אויס ראמאן)

איז

איז ליגן געבליבען, כמעט אמוטע אנישטארבענע ! — וויא אליבט
וואס די גאנצע חלב, האט שוין דער פייער אויס געשטאלצין, פאר-
צערט, אונ אט, אט, באלד וועט דיא פארלאשין ווערין, אויף דעם
אויפען איז איצט גיוועזן ביילקעלע; נאך דיא דאזיגע ידיעה, האט זיא
שוין גיצײלט דיא מינוטען... אונ האט געוואוסט אז ניט מער, וויא
נאך אטאג, נאך אטאג, וועט זיא ניט לײדין... איד לעבען לעשט
זיך אויס. — צוויי טאג נאך דיא ערהאלטענע בשורה, נין אזייגער
אווענד צייט האט ביילקעלע צו גערופען דעם טאטין צום בעט, אונ
האט צו אים געזאגט: פאר דיין איין אונגליקליכע קינד, לאז איך דיר
איבער דרייא... דייא דו דייער טאטע אונ מאמע... דער נאך האט
זיא צו גערופען, יעדער קינד בעזונדער, געלייגט די האנד אויף זייער
קאפּ, גידערינ גיבענשט, דייא גיבעטין געדיינקט אייער מאמען...
יעדער קינד גיקושט... אונ איז געבליבען ליגען אן כח... מיט צו-
געמאכטע אויגען. — דעם וועלבינען אווענד, צוועלף אזייגער, איז
ביילקעלע גישטארבען!.. בין טאג, איז שוין ביילקעלע גיוועזן, איר
איר עווינע רוה... אנדיכער אשווערער בארג ערד, האט צו גידעקט,
אירע גרויסע צרות, איר צו בראכענע פאר וואונדעטע הארץ!...
אונגליקליכע ביילקע, דיינם ביזט דו שוין איבער גיקומען!

## 5.

## דיא קאסאקע מיידעלע.

השם יתברך, האט זיך פארט מרחם גיוועזן אויף מיר, אויף מיינע אלטע יאהר!.. האט ר׳ געציל הענעך געזאגט, צו זיינע גוטע פריינד וואס זיינען גיקומען, אים ארויס באלייטין, אין זיין ווייטע נסיעה; אונ זיך געזעגענען מיט אים אויף עוויג! ווארום נאט ווייס, אויב מען וועט זיך אמאל זעהן, דא אויף דעם עולם.

— ניט מיינט, מיינע ליבע פריינד, האט ר׳ געציל הענעך גיזאגט: אז פינף יאהר, ניט האבען פון אין אוינ אין קאפּ, פון איין איינציגע קינד, קיין בריף, קיין ידיעה, איז אקלייניקייט! דאס קאסט מיר גינוג געזונד... איך בין פאר די פינף יאהר צייט, גראה אונ אלט געווארין, איך האב שוין געמיינט, אונ געזאגט: כי ארד אל בני אבל שאלה!..

(אויס ראמאן)

וויא יעקב אבינו . מיט אמאל , קומט מיר אן אבריף , מיט פונקציג רובל געלט , מיט אשיף קארטע , פאר מאמע צו מיר ! ..״

דער גאנצער וואכעדיגער עולם , איז געוועז זייער גערירט , אט איצט האבען זייא ארויס געזעהן , אז עס וועט מאקע זיין פנה הודה פנה הדרה ! עס פארט אוועק דער רעכטער גלאנץ , די רעכטע שיינקייט פון וואכעדא ... אט אין דיא לעצטע מינוטען איז ר׳ נעציל העניך געוועזען ביא זייא אלעמען אזוי ליב , אזוי טייער , אז זיי וואלטין גאר ניט וועלין ער זאל פון זייא אוועק פארין .

ר׳ נעציל העניך האט זיך מיט אלעמען צו געזעגנט , מיט אלעמען געקושט ; אלע זיינע חפצים זייגען שוין געוועזען פאר פאקט אונ פאר בונדין ; ער האט זיך געשטעלט אונ אפ געזאגט דיא תפילות הדרך , אז השם יתברך , זאל אים צו שיקען , גוטע וואגאנעס , מיט גוטע פארע-האדין , מיט גוטע וועגען , מיט גוטע וועטערין , אונ קומענדיג צום זוהן , זאל ער געפינען אלעס גוט ! אונ ר׳ נעציל העניך געלט ליב , איז אוועק געפארין ; ער האט אפילו חשק געהאט , אז מארגן זאל ער שוין זיין ביים זוהן ... נאר , וויא אונז איז בעקאנט , האט ער געגעבען קיין גליק ניט צום חשק ; אונ אזוי וויא דעם שם המפורש , פון קפיצת הדרך , האט ער ניט געקאנט , אונ די מאשעניסטין פון די באהנען אונ פארע-האדין , קאנען אים אויך ניט , דעריבער האט ר׳ נעציל העניכ׳ס נסיעה געמוזט געדויערין קארגע דרייא חדשים , ביז ער איז געקומען אין קאפ-שטאדט אין אפריקא , די שמחה פון טאטין , מיט דעם זוהן , איז געוועזען זייער גרויס ; אין יענע גליקליכע מינוטין , וואס זייא האבין זיך דער זעהן , האבין זייא פארגעסין , זייערע אלע צרות , זייערע אלע יסורים. נאר וויא גרויס ברוך׳ס שמחה איז געוועזען מיט דעם טאטין , באדף מען פארשטעהן , איז דעם טאטינס פרייד אסאך מאל גרעסער געוועזען ; געהענדיג ווי זיין ברוך , זיין בן יחיד , וואס האט זיך אלע מאל געהאלטין ביים טאטינס פאלע ; וואס האט מודא געהאט ארויס שטעקין ביא נאכט , דעם נאז , פון אונטערין קאלדרע ; אט דער בן יחיד , האט דורך געדייזט אשפיק וועלט , זיך געבארעט , געראנגעלט מיט אלע סבות , אונ זיך צו געשלאגין צו אתכלית , געווארין אגאנצער לייט ! ..

(אויס ראטאן)

אונ

און אין אמת'ן, האט ברוך געלט-ליב, פאר די פינף יאהר צייט, וואס ער איז אהער אנגעקומען, דאקטינאיעט זייער אסאך. אויף אים מאגמען זאגן, ער האט דא געפונען זיין מזל, זיין גליק! מיט פינף יאהר צוריק, בעת ברוך איז אנגעקומען אהער, איז ער געוועזן זייער ארעם, און האט זיך געשטעלט ביים גביר ליבער אין קלייט, פאר אקליין געהאלט, וואס קיין קלענערע געהאלט האט נים איינער פון אלע דינער גענומען... און פאר אקורצער צייט, פאר איין האלב יאהר, האט ער אלעמען דער יאגט... און דעם אנדער האלבען יאהר אלעמען איבער געיאגט...

תחילת האבען זיך אלע געחידושט, מיט וואס פאר מעשים טובים מאקסט ער אלע מאג? מיט וואס איז ער אזוי נושא חן ביים גביר און ביי זיין פאמיליע. נאר דער נאך האבען זיך אלע דער וואוסט, ווייל ברוך איז אתלמודיסט, און דער גביר ליבער איז אויך איינער פון די גרעסטע תלמודיסטין; און ווייל דא היא זיינען וויינינ דא, כמעט מאקע גאר נים, אזעלבע מענשין, וואס דער הער ליבער, זאל קענען מיט זיי פארברייגען, זיך דורך ריידין אין תלמוד, און אגב אורחא ווייזין יענעם, ווער ער איז; דעריבער איז ברוך געלט-ליב ביי אים אזוי חשוב, געאכט און טייער...

און ברוך איז אפ געווען ביים גביר ליבער צוויא יאהר צייט, און האט אויספייצט זיך אויס לערנען די ענגעלשע שפראכע, און נאך איינינע לשונות, מיט די דאפעלע איטאליענעשע בוכהאלטעריע, און איז געווארין ביים גביר כל וכל. — דער גביר האט דער קאנט ברוכין מיט זיינע אלע מעלות, אזי אזעלכע יונגע לייט, וואלגערין זיך נים אויפען מיסט... אזעלבע יונגע לייט, דארפין האבין אזעלבע הענד, וואס זאלען זיא שיידרין... דאן וועלען זיא זיין די גלענצענדע סוחרים, די גלענצענדע געשעפט פיהרער, מענשין צו נאט און לייט, מענשען וואס מען ווערט מעגען זיך רידמן מיט זיי!..

דער גביר האט איבער געגעבען זיינע געדאנקען זיין פרוי, און זיין טאכטער, די ליבע, די קלוגע און שאהנע, לאה; די זאך איז בעשטימט געווארין; ברוך'ס מאגלאסיע, איז געווים ניט

אנגעקומען מיט גרויסע שוועריגקייטען ; דיא יונגע לייט זיינען זיך גיוועז ניפעלען, מען האט געמאכט אקגם מאל, אונ אין געבען התונה ; דער נגיד ליבער, האט גינרונדעט פאר דיא פאר פאלק אנייא גישעפט ; אונ דיא הצלחה האט פון זייא ניט אפ גיטראטען דער גישעפט איז געוואקסען, ניט פון טאג צו טאג, נאר פון מינוט צוא מינוט ; פאר דעם ערשטען יאהר, האט דער חשבון פון סוף יאהר דער וויזען פרנסה דרייא טויזענט רובל ; אונ דער האפפונג האט זייא אלעמען געשמייכלט אז סוף צווייטען יאהר וועט זיין דרייא מאל גער פרנסה.

אונ זייא האבין זיך ניט גענארט, סוף צווייטען יאהר, האט דער חשבון אן געוויזען רווחים צעהן טויזענט רובל ; אונ מיט אצונאב, וואס איז נאך מער ווערט ; דיא מאדאם לאה געלט-ליב, האט גיווארען אמאכטער ! דיא שמחה איז גיוועזען זייער, זייער גרויס ! אקליינינקייט אזא צייט, האט זיא ניט געקינדעלט... מע האט שוין געמיינט, אז זיא בלייבט חלילה איינע עקרה... אונ קיין קינד, אדער לפחות אזנאכער, איז אין יענע חילדע מקומות ניט פארן ; אשמיינער איז צו דעם זיידינם אונ באבעם פרייד, אונ צו דיא שמחה פון טאטע מאמען, גיוועזען, אונ צו בעשרייבען. —

ברוך איז מיט זיך, זייער צופרידען ; ער דער קאנט זיך אליין ניט, צו ער איז דער זעלביגער ברוך, וואס עפעס אמיאוסע ווייבל, פון „יענער וועלט" האט אים צו ניין חדשים געשאנקען אצווילונג :: אונ זיך אנגענומען צרות איבערען קאפ !... צו צווייא יאהר איין מאכטער, ווען אפילו זיא איז דווקא ניט, קיין יפת תאר ; עבט שווארץ, אונ קאסאקע אויף ביידע אויגלעך, איז פריילעכער, פון אצווילונג צו ניין חדשים !

אונ אט אזוי זיינען איבער גילאפען פינף יאהר, צייט ברוך איז אנגיקומען אהער ; ער איז פון דיא ערשטע פארנעמסטע רייכע אונ געבילדיטע יונגע לייט ; געזונד אונ רייך, כבוד מיט געלט, האט ער מער ווייא געוואונשען ; אט האט זיך אים איינגט פאר וואלט, אז זיין מאמע זאל דאס אויך זעהן, אונ ניט נאר זיין טאטע, נאר אלע

(אוים ראמאן) וואבערער

האבערער ... אללע זיינע בעקאנטע ; אונ ווייל דאס איז אומ-מעגליך , לפחות זאל דער טאטע אליין זעהן , אונ האט איהם אראפ גיבראכט .

שוין אהודש צייט , וויא רבי נעציל הענעך איז דא ביים זוהן , אונ קוועלט אן פון ברוך'ס חייבל , זיין שטר ; פון דאס טהייערע איינינקעל , דיא קאפאקע מיידעלע ; פון ברוך'ס עשירות , פון ברוך'ס כבוד ; אונ פון ברוך'ס שווער אונ שוויגער ; הכלל ער איז בעפרידינט !

אונ וויא עס ווייזט אויס , האט זיך רבי נעציל הענעכס מזל , אויך דא געוואלגערט . אונ אויף איהם געווארט , אצייט יאהרין , האט רבי נעציל הענעך זיך אומגעטראגען מיט זיינע סמיכות אויף רבנות אין בוזעם , וויא א הון מיט דער איי , אונ ניט געפונען , ניט געקראגין קיין ארט ; אונ דא האט ער באלד , אויף דעם צווייטען חודש , נאך זיין קומען , בעקומען ווען אפילו ניט אין קיין גרויסע קהילה , אבער זייער אנוטען ארט , ביי פיינע רייכע מענשין , וואס מע האט איהם געגעבין שכירות אאחר , חיפעל צעהן רבנים באקומען אין וואכערא מיט איהר סביבת ; וויא דער טאטע אזוי דער זוהן , האבין פאר געסין , אויף גאנץ וואכערא מיט איהרע אלע מענשין ; זייא האבין אפילו קיין מאל ניט דערמאנט אויף יענע עטלעכע נפשות , וואס האבין מיט זייא אשפיקעלע שייכות ...

זייא האבין נאר ניט בעמערקט וויא דיא צייט לויפט , וויא דיא רוקט זיך אפ מיט גרויסע טריט ; יעדער איז גיווען פארגומען מיט זיינע גליקליכע עסקים ; דיא רעכטע סימנים . וואס דיא צייט האט בעצייכענט איר „אפ לויפען" איז גיוען , וואס רבי נעציל הענעך , איז געווארין אגרייז גראער זקן ... ברוך איז אויך היפש גראהלעך גיווארין אונ דיא קאפאקע מיידעלע , איז שוין ביי א זעכצען , זיבעצען יאהר , שוין צייט פאר טאטע מאמע , אנגהייבין טראכטין ... בפרט זיא איז אבת יחידה.

(אוים ראמאן)

# 6.

## צווייא דאמסקע שניידער.

יעדער „שפריכ־ווארט״ וואס אוועלט מענשין זאגין; איז ע־נעווים ריכטיג, נעווים אמת! ווארום יעדער „שפריכ־ווארט״ האט פאר זיך, געהאט, אסאך גביתנות אסאך ערפארונגען, ביז מען איז גיקומען צו אגעוויסע בעשטימונג אז אזוי איז דאס; אונ אויף דיא בייא אללעמען בעשטימטע זאך, איז געגרינדעט גיווארען דער ווערטעל.

מע מוז אבער מודה זיין, אז מיט דער צייט, בייט זיך דיא נאטור, אונ מיט דיא נאטור, בייט זיך, דיא ריכטיגקייט פון דיא שפריכ־ווערטליך. אסאך מאל הערין מיר, וויא דער עולם זאגט: אפויערשער ווערטיל, איז להבדיל אתורה... אונ מע מוז זאגין אז דיא תורה, — ניט חלילה דיא עצם תורה — בייט זיך אויך מיט דיא נאטור.

דער פסוק, „ברחם אב על בנים״ איז אפילו ניט פון דיא „אתה הראת״ פסוקים; דאך איז ער אללעמען בעקאנט. מיט זיין אמת'ן פשט. וואו איינער דארף אנקומען צום צווייטינס רחמנות, בעט ער, האב אויף מיר רחמנות — ברחם אב על בנים!; אז מיר בעטען ביים רבש"ע ער זאל זיך אויף אונז אלעמען ערבארעמען, אונ כדי דער רבש"ע זאל וויסען דיא מאס, דעם שיעור, וויא גרויס זיין רחמנות אויף אונז זאל זיין; ווייזען מיר אים אן דעם פסוק „ברחם אב על בנים!״ משמע, ווייל מיר זאגען „ברחם אב״ אונ ניט „ברחם אם על בנים!״ איז אטאטינס רחמנות אויף קינדער, גרעססער, שטארקער, אונ מערער פון אמאמעס רחמנות; הא? וויא מיינט איר? דאס איז ריכטיג?... אמת? אדער ניין!

איך מיין, אז אלע וועלין מסכים זיין, אויף הונדערט טויזענט מאל „ניין!..״ ווייל דיא ריכטיגקייט פון דעם פסוק, אדער „שפריכ־ווארט״ האט זיך אין גאנצין געביטען!

וואס דארפין מיר ווייט זוכען, אז מיר האבין אריכטיגען בילד, אין אמת'ן בעוויז פאר אונזערע אויגען. אט איז שוין קרוב צו 18 יאהר, ווי א ברוך'ל געלט-ליב, איז אוועק פון זיין חייב מיט די דריי קינדער, אין מרחקים; און איז ברוך השם, אנדויסער עשר; זיין הצלחה גייט אים דורך מיהר און מהויער; און וואלט גיקאנט טעמען מאן, ניט נאר די „קאסאקע מיידעלע" אליין, נאר נאך צעהן קינדער!

זאגט אבער דעם אמת, האט ווער געהערט פון אים, ער זאל זיי זעהן ניט איז דער מאגען? לאז זיין, פון אנפאנג, האט ער מורא געהאט... ער האט זיך גישעמט פאר זיין ווייבל, פאר זיין שוועער און שוויגער, און האט זיך גיהיט ווי א אצבוע'יאק מיט אטרפה קאלבאסע אין אתענות... אבער דער נאך, אז ער איז שוין גיווארין אזעלכסט-שטענדיגער מאן, האט ער דאך שוין יא גיקענט עפעס געבען אדאגה, אטראכט, אקלער וועגען יענע „לעבעדיגע יתומים!" זייט אים שוין מוחל, וואס ער האט די ווייבל ניט אפ געשיקט אגט, הגם ער ווייס ניט אז זיא איז שוין לאנג, פון אים פרייא; אבער די קינדער, זיין בלוט און פלייש, אונשולדיגע נשמות, וואס ער, נאר ער, האט זיא ארויס גערופען, פון זייער מנוחה, אויף די צרה'דיגע וועלט; פאר וואס האט זיך ביי אים ניט גיפונען איין איינציגע פונק רחמנות אויף זיא?.. וויא לעבען זיא? זיינען זיא ניט הונגעריג דארשטיג, הויל נאקעט?.. האבען זייא חאטש, וויפיל ניט איז אשטיקעלע רעכטע ערציהונג? פון וועמען האט ער ערהארטעט פון ארעמען שוועער, אדער פון די אונגליקליכע מוטער! ט? וואס זאגט איר, איז דא פאראן רחם אב על בנים?.. האט דען די אונגליקליכע מוטער, ניט מער גערעגט, גיקלערט און גיטראכט, וועגין דעם עלענדין סוף פון אירע יתומים. — ניין, מיינע ליבע! אמאמע, איז נאר אמאמע בעת די מאמע לעבט, און בעת ער איז דער ביא... זיינע אויגען זעהן, דער ווערט זיך אין הארצען, אקאפעלע מיטלייד, אפונק רחמנות, און אפאר פונקען — בושה... און דאס איז, דער גאנצער רחם אב על בנים, אין אונזערע צייטין...

נאר... עס איז ניט דא א־כלל, אן אי יוצא מן הכלל! ניט אלע מאמעס זיינען אזוי ווי א ברוך געלט־ליב; עס איז דא אמאמע, וואס מיר ווייסען אלע, אמאמע אן פניות... אן איינענעם אינטערעס, מיט אסאך אמת׳ע רחמנות, וואס ניט גרוים השגחה יעדער ווײלע, יעדער מינוט, אויף אלע ארעמע, פאר לאזענע, פאר געסענע, אונגליקליכע יתומים. — דער מאמע איז נאט אליין, דער הימלישער פאטער!

ביילקעלע, קיהלט שוין לאנג דיא ערד; און ר׳ חייקל פייטל, איז אלעבעדיגער טויטער, ארעם וויא מטוס; און ווען ניט דיא וואכעראר תלמוד תורה וואלטין דיא קינדער אפילו דאווענען ניט גיקאנט.

ביז צעהן יאהר אלט, איז דער עלטערער יינגעל יענקעלע „גינאנגען" אין תלמוד תורה; און מאקע ניט מער ווי „גיגאנגען" אבער לערנען, האט ער ווייניג גילערינט; אביסילע זיינען דיא מלמדים שולדיג, און דרייא ביסעלעך, איז ער אליין שולדיג; ער האט פשוט ניט גענואלט, און איז אויסגעוואקסען אווילדע זאך, ווי אווילדער בור־יאן.

פייבעלע, איז אביסילע אפגעקומען אויף אירע יונגע קינדערשע יאהרין. פון זיבען יאהר אלט, איז זיא שוין גיוועזען אנאינגעקע ביא פרעמדע מענשען... גערינט ביז איאהר פופצעהן. דער נאך, האט זיא פאסטופען צו אמאדיסטקע, או׳ס גילערינט גוט דיא מלאכה, זיך פאר דינט עטליכע רובל, און מיט דיא הילף פון קלענערין ברודער׳ל מענדעלע האט זיא חתונה גיהאט, פאר אפיינעם ערליכען יונגען מאן, און לעבט אויף דער וועלט, בעסער פון איר מאמען עליה השלום. דער רעכטער שפיגל, פון דייא אלעמען איז גיוועזען מענדעלע; ער האט גיהאט. אי חשק, אי גוטע ספאסאבנאסטין צום לערנען ער האט גיקאנט רוסיש, דייטש, און איבער הויפט העברייעש, און ווערענדיג צום אכטצעהן יאהר אלעהרער, האט ער פארדינט עטליכע רובל, וועלכע ער האט אפ גיגעבין דיא שוועסטער פאר איר חתונה; און עטליכע רובל זיך גילאזען אויף הוצאות הדרך.

צווישען מענדעלעס אלע מעלות, האט ער גיהאט איין חסרון; ער איז גיוועזען איין „אונרוהיגער", ער האט ניט גיקאנט זיצען אויף

זיין ארט; וואהגען אין איין דירה, קנעלן אין איין שטאדט, דאס ער ניט גיקאנט; אזמן דא, אזמן דארטען, אחודש אין דיא דירה, אחודש אין דיא צווייטע ... אונ אזוי כסדר; ער האט חשק גיהאט, צו פליהען, צו רייזען אויף דער וועלט ... זעהן אונ הערען ... ער האט גיוואוסט דיא געשיכטע מיט זיין טאטין, פון זיין זיידין חייקל פייטל. ער האט געוואוסט אז זיין טאטע איז אוועק מעבר לים, אונ אין זיין יונגע הארץ, האט גיברענט אזא פייערל, וואס האט אים געשלעפט געצויגען, גערוסען, ער זאל פארין מעבר לים!

אונ קוים איז מענדל איבער גיקומען גליקליך זיין פריזיוו, מיט אהויכען ושערב, האט ער זיך מער ניט געזוימט, אונ האט זיך מכין גיוועזען צו זיין נסיעה.

—„דער הויכער ושערב מיינער, איז מיין סימן, אז גאט וויל, איך זאל פארין!“ האט מענדיל געזאגט צו זיין שוועסטער אונ שוואגער, ביים גיזעגענען זיך מיט זיא. — „דאגעט ניט, אז גאט רצון וועט זיין דער ביא, וועלין מיר זיך ווידער אמאל זעהן! ...“

נאך אנסיעה פון איינע וואכען צייט, האט זיך מענדעלע קאלט־ליב (ער האט זיין פאמיליע נאמען גיוועקסילט, ווייל ער האט גיזאגט, איך ליב ניט קיין געלט, בעסער ליב איך קאלט ...) באגעגענט אויפען פארעהאד, מיט נאך צוויא יונגע ליט, פון מינסקער גובערניע, אונ האבען זיך זייער נאהענט בעפריינדעט.

דיא צוויי יונגע ליט זיינען בעלי מלאכות— דאמסקע שניידער, אונ פארען צו זייערע שוועסטער קינדער, וואס זיינען שוין פון עטליכע יאהר אין אפריקא, אין דער גרויסער בעריהמטער שטאדט— קאפ־שטאדט! זייא האבין געוויזען מענדלען זייערע בריף, אין וועלכע זייערע פריינד בעשרייבן דיא שטאדט, מיט דיא גאנצע מדינה, מיט דיא לעבעדיגקייט אונ פריילעכסטע פארבען; אונ האבען אים צוגעדעט זייער שטארק, ער זאל מיט זייא אין איינעם פארען; זייא וועלין פועלען ביא זייערע פריינד, מע זאל אים מקרב זיין; אונ זייא וועלן אים העלפין מיט אלע מעגליכקייט.—

(אוים ראמאן)

דיא

דיא נוטע רייד, דיא הבטחות, מיט דיא פריינדשאפט פון דיא צוויא נוטע מענשין, איז ביא מענדלען געוועזען דייער אנגעלייגט, אונ אין מרוצה געוואָרען, פאַרין מיט זייא צוזאַמען; וואָרום וואס איז איהם ניט נאר גליך, אין אחלב יאהר, אָדער אַאָהר ארום, וועט ער פאַרין ווייטער; דער ווייל וועט ער ניט זיין אזוי עלענד.

אונ קומענדיג אין קאָפּשטאט; האבען דיינע נוטע פריינד, ניט פאר געסין דייערע הבטחות; איהם מיט גינומען מיט זיך צו דייערע קרובים; אונ יענע נוטע מענשין האבען איהם אויך געוויזען צפאך התקרבות. צוויא וואָכען צייט, איז ער ביא דייא געוועזען ביז ער האט זיך אויס גערוהט פון דיא נסיעה; אונ דער נאך, זיינען זייא געוועזען דיא ערשטע, וואס האבין איהם אפ גינעבין זייערע קינדער צום לערנען, אונ האבין דאס זעלביגע געפוילט ביא דייערע בעקאנטע.

אונ אין דיא נייע מדינה, האט ער באקומען אנייעם נאמען; ווייל ער איז גיקומען מיט דיא מינסקער, אונ צו דיא מינסקער; אונ דיא מינסקער, האבין פון זיינט וועגען זיך משתדל געווען; האט מען איהם גירופען „דער מינסקער לעהרער!...“

אונ דער „מינסקער לעהרער“, האט באַקומען אנוטען „בערוף“ אין דער גאנצער שטאט; אז ער איז אגרויסער העברייער; אונ צווישין דיא גרויסע יודישע אינטעלעגענציע, וואס האבין חשק גיהאט, אז זייערע זיהן אונ טעכטער, זאלען קאנען, חאטש אביסילע אונזער הייליגע שפראך, מיט אונזער יודישע געשיכטע, איז אויך געווען, דער קאפּשטאדטער נגיד באַרעך געלט ליב, וואס האט איבער גערעט מיט אמינסקער: זאגט אייער „מינסקער לעהרער“, צעהן רובל אשעה, לערנען העברייעש מיט מיין טאכטער, שיקט איהם!...

אונ דער „מינסקער לעהרער“ איז גיקומען, יעדער טאג אפ גילערינט אשעה צייט; שטיל, פיין, אין אזאוונדער צימער, ניט קיינער רעדט מיט איהם, ניט ער מיט קיינעם.

אט אזוי פירט גאט, דער טאטע וואס איז א טוב לכל, ורחמיו על כל מעשיו.—

(אוים ראמאן)

# 7.

## פאר פאלען.

דאס איז שוין, במעט א יאהר צייט, וואס מענדיל קאלט-ליב, זיצט אויף איין ארט, ער האט שוין אין קעשענע עטליכע רובל פאר דינסטע; די אורעמע זיינען ביי איהם פון חודש צו חודש מער, און אלע זיינען מיט איהם העכסט צו פרידען; נאר ער אליין מיט זיך, איז ניט צו פרידען, ווייטער ניט צו פרידען, און דער חשק, צו פארען, צו רייזען שטארקט זיך ביי איהם, יעדער טאג מער. —

ער האט אפילו באקומען א בריף פון זיין שוועסטער און שוואגער. זיין אנטווארט אויף זיין בריף, און זיי בעטען איהם רחמים, ער זאל אפשאפען זיינע חלומות, ער זאל ניט זיין ווי א קין א נע ונד'ניק; ער האט אנגעטראפען א גוטען ארט, מיט גוטע מענשען, מיט גוטע שכירות זיטען, לעהרין, קלייב ארויף, און האב תתוה!..

און מענדעלע וואלט ווייטער וועלין פאלגין זיין שוועסטער און שוואגער, ער אליין ווייס אויך דעם אמת, אז זיי זיינען גירעכט; נאר דער רצון פון אנטלויפען, פון דאנען, איז ביי איהם גיווארען נאר איבער איין אנדער סבה...

דאס זיינען שוין עטליכע נאכט, וואס מענדעלע דרייט זיך אויף זיין גילעגער, און קאן ניט שלאפין... ער וואלט וועלין פארטאגין, פארטרייבען זיינע בעיונות פון זיך, און קאן ניט! ער שטייט אויף, פון גילעגער, צינדט אן דעם לאמפ, גייט אום הין און הער, לייגט זיך ווידער, און ניט דא קיין זכר פון שלאף...

זיין תלמידקע, די מאדעמאזעל שפרה בארעכם, שטייט איהם פאר זיינע אויגען... איך געשעאלט, שוועבט פאר איהם... זיא איז ביי איהם טיף אין הארצין...

— „וואס ציהסט מיך, צו איך?... קומט איהם ארויף א געדאנק — איך שווארצער פנים?.. איהרע קאסע אויגען? וואס קוקען בזיבעריק... ניין!.. וואס דען? איך געלט? איך גרויסער איינים?.. אויך ניט!..

(אוים ראמאן)

איר קלונגקיים אירע נוטע ספאסאבנאסטען ? . . . אפנים אז יא ! . . ני::
איר פנים ניט איר געלט, איז איינגעבאקען אין מיין הארצין, חלילה !
נאר אירע נוטע מעלות . . . דער פאר, נאר דער פאר האב איך זיא
ליעב . . . אונ ווייל איך האב זיא ליב . . . אונ זיא מיר ? ווער ווייס ?
דעריבער כוזמען פארין, לדיפען פון דאגע . . . איר ערקלערין ? . . .
ווער ווייס אויב איך וועל ניט באכומען אפאטש אין פנים . . . אונ
ווען זיא זאל אפילו יע געבין איר הסכמה, איר איינשטימונג . . . וואס
וועלין זאגין אירע עלטערין . . . דיא רייכע לייט . . . די מיליאנערין ! . . .
איז דען ניט גלייכער, אוים לעשין דעם פייער, איידער ער צופלאקערט
זיך ? . . . וואס גיכער אנטלויפען, אונ אסוף אגמר !

נאר, וואס זאג איך, וואס גיכער דעם זמן מוזמען שוין ענדיגען,
אין מיטען דעריגען אוועקוואפין, וועט דאס האבין א פנים פון
אמשוגענעם ; אונ דיא כחות זיינען שוואכע . . . זייער שוואכע . . .

מיט דיא לעצטע מחשבות איז מענדעלע איינגעשלאפין, שוין
כמעט פאר טאג ; אבער ווען מענדיל וואלט געוואוסט, דיא מחשבות
פון זיין תלמידקע שפרה בארעכם, וועגין אים, וואלט ער געווים
אביסעלע רוהיגער געווען ; נאר וואס זאל מען ריידען ? צווישען אלע
ברואים אויף דער וועלט, איז ניט דא א צווייטער בלינדער צום
מענשען ! מענדיל איז פון זיין תלמידקע גאר ניט ווייס, אונ ווייסט
ניט, אז זיא, דרייט זיך אויך אויף איר בעטיל, אונ קאן ניט שלאפין,
אונ דער מינסקער לעהרער דער בילד שאהנער יונגער מאן, וואס
זיין גלייכען איז ניט צו געפינען, שטייט איצט פאר אירע אויגען . . .
ער שוועבט, ער טאנצט אין דער לופט, זיא שמעקט אוים אירע
האנד . . . אונ ער פליהט ווייטער . . . אונ בייא איר איז איין מאל
בעשטימט געווארין, אז מארגען . . . אונ נאר מארגין . . . וואורום,
זאל זיא זיך קריינקען, אונ מוטשען ? . . . אים זאגען גאנץ אפפענטליך
מיט דיא ווערטער : לעהרער ! זאגט דעם אמת . . . איר וואלט וועלין
זיין . . . מיין . . . ח--ת--ן" ! . . . וואס קומט מיר דער פאר ! אונ
שפרהלע איז אויך מיט דיא מחשבות איינגעשלאפין פאר טאג .

ארה אוים ראמאן)

אויף מארגן, ביים אורעק, האט שפרהלע מגלה גיוועזן דעם מינסקער לעהרער, איהרע מחשבות, מיט די זעלביגע ווערטער, וואס זיא האט ביא נאכט בעשטימט.

מען דארף פאר שטעהן, אז מענדעלע קאלט-ליב, האט אין דיא מינוטען, פאר גערין. אלע זייטיגע חשבונות, וואס דער טאטע מיט דיא מאמען וועלין זאגען, און וואס אנדערע וועלין זאגין, און כּכּתוב, וויא עס איז באשריבען ביא אלע ראמאנענמאכער, אין זייערע העכסט-אינטערעסאנטע ראמאנען, איז דא, ביא מענדלען כּיט שפרה'ן, אויך צו גענאגען, ניט מער און ניט ווייניגער; און בסודי סודות דער ווילע, נאר איך און איר ווייסט, און מער קיינער ניט!

אחר המעשה, נאך דיא געשיכטע פון דעם גליקליכען אורעק, איז איבער גילאפען פאמעלעך, (און וויא זאגט איר? אז לויפען, איז ניט פאמעלעך...) פינף חדשים, גליקליכע, פרייליכע פינף חדשים.

פינף חדשים, איז ניט מי יודע וואס! נאר ביא אפרויען-צימער, איז פינף חדשים אדבר גדול... אלע פינף חדשים שפינגלען זיך אפ ביא איר אויפען פנים!...

דיא מאדאם לאה בעראך, האט זיך פלוצלונג צו געקוקט צו שפרה'לען, און דער זעהן אויף איר פנים—חדשים!... מיט גרוים שרעק, און ציטערנעס, האט זיא דעם גרויסען אונגליק מגלה גיוועזן—בעראבען!

נאך אקורצע חקירה ודרישה, האט שפרה'לע גיזאגט דעם אמת, אז אזוי דארף, און מוז זיין!

שפרה'ס עלטערין, האבין זיך בעוואשין מיט טרערין, זייא האבען גאנץ ביטליך גיוועהן, אז דיא זאך איז שוין פאר פאלין, זיא מוז איצט זיין פרוי זיין, און וועט הייסען „דיא מינסקער לעהרערין!...

## 8.

דעם זעלביגען טאג, איז געקומען אשדכן צום „מינסקער לעהרער" אים פאר לייגען אשדוך מיט דעם גביר בעראבם טאכטער. (אוים ראמאן)

דער

דער שדכן האט דער בייא קיין גרוס מיהע ניט בעדארפט לייגען ; װארום מענדעלע האט גלייך געענטפערט : „מיין פריינד", אויב זייא װעלין מיט מיר ניט בראָקעװען , װעל איך מיט זייא געװיס ניט... אדרבה , פראבירט, איך װעל אייך גאנץ שלעכט באפרידיגען ! .. ; פון דעסט װעגען , אז דער שדכן איז געקומען צו באראבין , האט ער דער ציילט אז דער „מינסקער לעהרער" האט זיך זייער געבראָקעלט... נאר ער האט אים גענומען צום ציפעל ... מיט אים אקנעל געגעבין ... אים אבין געלייגט דרייא פינגער אין מויל ... אט האט ער געזאגט : „איר" זייט גערעכט ! איך פאלג אייך ! נאר טאקע אייך ! ...

אפנים אז די שדכנים , אויפען גאנצין כדור הארץ , זיינען אלע גלייך , אין אשכר לעבען זייא ניט ! ...

די װעלכינע װאך איז געװען אקנס-מאל , ביים הערר באראבס טאכטער , מיט דעם מינסקער לעהרער, אונ די חתונה איז בעשטימט געװארין אין צעהן טאג ארום .

צעהן טאג , אפילו פון די לענגסטע זומער טאג , זיינען אויך ניט מער װיא צעהן , אונ זיינען אויך אװעק , אין דער צווינגקייט , מיט אלע טאג צו גלייך .

דער הערר באראך , מיט זיין פרויא , זיינען אזוי שטארק ברוגז געװען אויף דעם „מינסקער לעהרער" אז זייא האבען ניט געקאנט גלייכגילטיג , אין זיין פנים קוקען , אונ מיט אים ריידען ; זיך אויס פרעגין , צו איז ער פון מינסק אליין , אדער פון איינע אנדערע שטאדט אין מינסקער גובערניע . אונ פון װעלכע שטאדט ? אונ צו האט ער עלטערין ? פריינד ? א. ד. ג. ; אז ער הייסט „מינסקער לעהרער" מסתמא איז ער אמינסקער ... אונ זיינע עלטערין , אדער פריינד , איז ניט נייטיג צו קאנען , אלחאי , װאלט-כען אים אויך ניט געקאנט ... אט מיט די מחשבות , האט דער הערר באראך זיך מכין געװען , צוא די חתונה פון זיין בת יחידה .

(אוים ראמאן) בארעך

באַרעך, האט זיך אפילו יא גיקלערט, ליעגענדיג בייא נאכט אויפען גילעגער; אז דאס איז איין „אצבע אלקים!“ דאס הייסט— נאמטס אשנעל... „באַרעך! דוא האסט עטנעץ אין דער וועלט „אטאכטער?... דיא איז יא, דיין בלוט, דיין פלייש... הא? אונ „יענע נים!... אט נא דיר אפאטש אין פנים... אז דוא וועסט „דער זעהן יענע טאכטער אויך!...“

דיא דאזיגע מחשבה, האט אים געגריזעט זיין הארץ וויא עטליכע ווארים וואלטין דארטין זיצין, אונ זיא עסין...

עס זיינען צוא שיקט געווארין, חתונה-בילעטען, צוא אלע פריינד אונ גוטע פריינד, סייא פון יידען, סייא פון קריסטען, זייא זאלין קומען אויף פיר אזייגער נאך מיטטאג, אין דער גרויבער סינאגאג צו דיא חופה, אונ פון דארט צו דיא סעודה.

דער בעשטימטער טאג איז גיקומען.

עס זיינען אנגעקומען גאכט פון אלע זייטען, רייכע הערין אונ דאמען; אפילו דער זיידע רבי נעציל העניך איז אויך גיקומען; זיין ערשטע עובדא איז גיוועזען מאכין אשמועס מיט דעם חתן אין דיא שווארצע פינקלעך... אונ דער חתן, האט גיענטפערט וויא אלמדן, וויא אקאנער. רבי נעציל העניך, איז זייער צוא פרידען געבליבען, אונ האט איין גרוימט דעם זוהן, אונ דיא שנור אסוד אין אויער. אז זייא דארפין זיך נים מצער זיין, דער יונגער מאן איז אבלי... ער וועט זיין א לייט... אי, וואס? זייא האבין זיך בענארעשט... נו!... אין דער וועלט טרעפט אזעלכעס, זייא זיינען נים דיא ערשטע, אויך נים דיא לעצטע.

צו איז באראכין גרינגער גיווארען אויפען הארצין, איז אונמעגליך צו זאגין, מע האט גיזעהן, אז זיינע אויגען זיינען מיט טרערין פארנאסין, אונ האט מיט קיינעם נים גירעדט.

עס איז גיקומען דיא בעשטימטע שעה. דער עולם איז אוועק גיפארען אין שוהל.

(אוים ראמאן)

די חופה איז געווען העכסט פיין געציירט, זיא איז געשטאנען ניט ווייט פון ארון קודש. חתן כלה שטייען אונטערן חופה. דער באבינער זאגט ארעדע.

אין שוהל איז שטיל, אללע נאסט שטייען, מיט אויס-גישטעלטע אויגן, אויף חתן כלה און מחותנים, דער חזן האט זיך צו געבויגען, צום חתן, עטוואס גיפרעגט, און געגעבען ציין האר אצייכען, אז מע דארף זינגען קאל כלא בחתים.

מיט זייער איין אופעדיגען, ארידענדען מאטיוו, האט דער חאר אנגעהייבען זינגען, די בעקאנטע תפילה; ביי יעדערין, פון דעם גאנצין עולם, האבען זיך געקייקעלט טרערין פון די אויגען... דא האט יעדער גיזעהן, אז גליקליך, מיט דעם פאלקאמען ווארט, איז אויף דער וועלט ניט דא... ביים ערשטען און גרעסטין גליק, מוזען זיך אן טוידט דער מאנען...: און יעדער איז ווי דאנקבאר גיזען דעם נוטען ערעלען זוהן, וואס האט ניט פאר געסין אויף זיינע גישטארבענע עלטערין, און דער מאנט זיי ביי זיין גרויסע שמחה...

דער חזן פארנייט זיך, אויף זיין ביי קעלבעלע... אין זיין יעדער קנייצעלע הערטמען אקרעכטיץ אויפטין, פון די הייליגע נשמות... וואס זיינען גיקומען צו זייער זוהנס חופה:..

—„את נשמת...‟ האט דער חזן גיברומט, צובייגענדיג זיך צום חתן, ער זאל אים זאגען אנאמען; ... און דער גאנצער עולם פיהלט, וויא יעדערן צופט ביים הארצין, עס הילט זיך שוין ניבער ווייסען, וואס פעלט דעם חתן... אטאטע? אדער אמאמע? אדער ביידע חלילה?...

— „את נשמת!‟... האט דער חזן איבער גיהזערט די ווערטער — אמי מורתי ביילע בת רבי חייקיל פייטל... שהלכה לעול..., דעם אנדער האלבין ווארט, האט שוין דער חזן ניט ארויס געזאגט... אין שוהל איז גיווארען ארעש... פאראך האט

(אוים ראסאן)

צום טוידט געהלעשט ... ר' געציל הענעך, איז געבליבען חלשות,
דיא מאדאם לאה, קוקינדיג אויף זיא ... האט זיא געשריען
ניט מיט איהר קול, „א צרה א בראך ז' חתן כלה, זיינען אויך
ניט שטיין געבליבען אויף זייער ארט, און זיינען פון שרעק,
שיער ניט נישטארבען. און דער גאנצער עולם, איז געווארען
אזוי צו טומעלט, צו מישט, אז מע האט ניט געוואוסט. וואס
מע זאל טאהן ...

דיא ווייטיגע גוטע פריינד, זיינען דיא מינוט צו פארין אהיים.
און דיא קרובים, האבען גינומען דיא האלב טוידטע עלטערין
און מע האט גיבער געפירט אהיים.

דיא חופה איז ניט גיוען.

מיט דיא מיהע פון דאקטורים, האט מען זיא אלעמען צוא
זיך גיבראכט. אויף מארגען, אז פארעך מיט זיין טאטען זיינען
שוין גיוען ביא זייער דעת, האבען זיא אריין גירופען מענדעלע
אין א חדר מיוחד, און מע האט גימאכט א חקירה ודרישה.

דיא זאך האט זיך ארויס געוויזען, וויא זיא איז. מיט אירע
אלע שווארצע און טרויעריגע פארבען.

רבי געציל הענעך איז אוידע. באראך איז א טאטע, און
שפרה איז א שוועסטער ...

חתן כלה האבין ניט געוואוסט וואס זיא זאלען טאהן, זיך
פרייען אדער וויינען, דיא בזיונות איז זייער גרויסע.

אצייט האט לאה מיט אירע עלטערין, ניט גירעדט, מיט
באראבען, און מיט זיין טאטען ...

נאר דיא צייט פאר היילט אלע וואונדין. דעם רעכטין אונ-
גליק וואס שפרה'לע האט ביא זיך גיטראגען, איז אוועק גיקומען
פאר דער צייט .:. לזכרון דעם מאסען פלעק, איז ערגעץ אין אייג-
ווינקעלע אויפן בית עולם געבליבען א שווארצער בארגעל ערד, וואס
ת זם אלעם פאר דעקט ...

(אוים ראמאן)

דער

דער מקרה האט אלעמען געעפינט די אויגן . . . דער וויזען , אז גאט ווארט לאנג , און צאלט גוט . . .

בארוך געלט ליב , האט שוין געהייסען מענדלען זיין זוהן , ער זאל שיקען צושיף קארטע מיט געלט , נאך יענע טאכטער מיט איר מאן , און נאך יענעם זוהן . און האט זייא דער נאך מקרב געוועזן וויא אטאטע .

שפרה האט באקומען אתתן , און מענדיל אכלה . אפילו יעקלען האט מען חתונה געמאכט , און די התונות זיינען געוועזן מיט פאראד מיט כבוד , קיינער האט ניט גיהלעשט , און קיינער איז ניט אנטלאפין .

ענדע





Типографу Л. Л. Мацу. Вильну. אודעססע

